מאָדערנע ליטעראַטור

גִיוֹאִי דֶע מָאפַּאסַאן

# אויסגעוועהלטע ערצעהלונגען

I

1) זיין ביאָגראַפיע
2) אַ זוהן
3) ער ?



איבערזעצט

א. י. כהן

פֿערלאַג „יבנה"



וואַרשא

דרוק נ. סטאַראַוואָלסקי, גענשא 18

תרס"ז

Избран. со·ранія сочинчнія

ГЮИ ДЕ МОПАСАНА

Изд. „ЯВНЕ"

Варшава 1907.

Типографія Н. Старовольскаго Гусья 18.

# גְיוֹאִי דֶע מָאפּאסַאן.

(בּיאָגראַפיע)

גיואִי דע מאָפּאַסאַן איז געבּוירען געוואָרען דעם 5 אויגוסט 1850 אין פּעקאַן, אַ שטאָדט אין דער פראַנצעזישער פּראָווינץ נאָרמאַנדיע.

די מִשְׁפָּחָה, פון וועלכער ער שטאַמט האָט געהערט צו דער פראַנצעזישער אַריסטאָקראַטיע. אַלס קינד האָט מען איהם אָבגעגעבען אין אַ פראַנצעזישער שוהלע, וועלכע איז געשטאַנען אונטער דער הַשְׁגָחָה פון די קאַטוילישע גייסטליכע, זיין פריַיער גייסט האָט אָבער ניט געקאָנט דערטראָגען די יעזואיטישע דיס־ציפּלין פון דער שוהלע, ער איז פון איהר באַלד אַרויסגעטראָטען און אָנגעקומען אין רואַנער ליצייַ, וואו ער האָט געענדיגט זיין שטודיום. נאָך זיין שטודיום האָט זיך באַלד אָנגעהויבען די פראַנצעזיש־דייַטשע מלחמה, אין וועלכער ער האָט אַנטייל גע־נומען אַלס פשוט'ער סאָלדאַט. נאָך דער מלחמה האָט ער זיך גענומען צו זיין ווייטערדיגער אויסבילדונג; ער האָט זעהר פיעל געלייענט און זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט נאַטור־וויסענשאַפט און אַסטראָנאָמיע. די שלעכטע עקאָנאָמישע לאַגע פון זיין משפחה האָט איהם אָבגעריסען פון בילדונג און ער האָט געמוזט אָננעה־מען אַ שטעלע אַלס בעאַמטער אין קריעגס־מיניסטעריום, וואו ער האָט פערבראַכט גאַנצע 10 יאָהר פון זיינע יונגע, בעסטע יאָהרען.

„עס איז כמעט ניט געוועזן נאָך אַזאַ

זאָל אַזוֹי אינערליך, עהרליך רעכענען, אַז דאָס גאַנצע גליק פון'ם לעבען איז — אין דער פרוי און אין דער ליעבע... עס איז אויך כמעט ניטאָ נאָך אַזאַ שרייבער, וועלכער זאָל מיט אַזאַ קלאָר־הייט און דייטליכקייט אונז בעווייזען די שרעקליכסטע זייטען פון דער דאָזיגער ערשיינונג, וועלכע ער האָט געהאַלטען פאַר דאָס גרעסטע און העכסטע גליק פון לעבען." — מיט די ווערטער חאַ־ראַקטעריזירט גראף ל. טאָלסטאָי מאָפּאַסאַן'ן.

און ווירקליך, דער גרעסטער טייל פון זיינע ערצעהלונגען איז פון איין זייט דורכגעדרונגען מיט אַ בעגייסטערונג, מיט אַ יראת־הקודש צו דעם ערהאַבענעם גליק פון לעבען — צו דער ליעבע, און פון דער אַנדערער זייט שטעלט ער אונז פאָר די שרעקליכסטע פאָלגען, די טרויערינסטע געשעהענישען, וואָס דאָס העכסטע גליק פון לעבען — די ליעבע איז אימשטאַנד מיט זיך צו ברענגען אויפ'ן מענשען.

אַחוץ דער ליעבע שילדערט אונז מאָפּאַסאַן די פער־שיעדענע ערשיינונגען און זייטען פונ'ם לעבען, וועלכע ער האָט אַליין בייגעוואוינט, אַליין איבערגעלעבט.

ער איז געבוירען און אויסגעהאָדעוועט געוואָרען אין דער פּראָווינץ נאָרמאַנדיע און ער האָט אונז געגעבען אַ גאַנצע שורה ערצעהלונגען פון די נאָרמאַנדישע וועלדער, בערג און טאָלען, פון די נאָרמאַנדישע פויערים, שענקערס, זייערע מנהגים און מדות. ער האָט מיטגעמאַכט די פראַנצעזיש־דייטשישע מלחמה און האָט געשילדערט טיפען און עפּיזאָדען פון דער מלחמה. ער האָט געדיענט אין מיניסטעריום און מיר האָבען איניגע ערצעהלונגען פונ'ם בעאַמטען־לעבען, ער האָט זיך בעקענט מיט'ן לעבען פון דער גרויסער און קליינער בורזשואַזיע, מיט דער ליטעראַרישער סביבה און האָט אונז געגעבען אַ סך ערצעהלונגען פון די דאָזיגע ספערען.

שוין קינדווייז האָט איהם שטאַרק געצויגען צו ליטעראַטור
[...]ען, נאָר אַ דאַנק דעם בעוואוסטען פראַנ־

צעזישען בעלעטריסט פּלאָבער, וועלכער איז געוועזן אַ קרוב פון זיין מוטער און האָט זיך מיט איהם שטאַרק אינטערעסירט, האָט ער זיינע זאַכען ניט געדרוקט. ער פלעגט אָנשרייבען אַ זאַך, זי ברענגען צו פּלאָבער׳ן, וועלכער פלעגט עס באַלד צורייסען, אַזוי פלעגט ער שרייבען און רייסען, רייסען און שרייבען ביז ער איז אַלט געוואָרען 30 יאָהר. אין 1880 יאָהר האָט ער אנגעשריבען אַנ׳ערצעהלונג, וועלכע איז שטאַרק געפעלען געוואָרען פּלאָבער׳ן און ער האָט זי אָבגעדרוקט אין אַ זאַמעלבוך, וואָס עמיל זאָלאַ האָט געהאַט אַרויסגעגעבען.

זיין ערשטע ערצעהלונג, וועלכע האָט אַרויסגעוויזען אַ פיינע איראָניע, אַ גרויסע קונסט, אַ קלאָרע חאַראַקטעריסטיק און וועלכע איז געוועזן אָנגעשריבען אין אַ שענער פאָרם מיט אַ זעלטענעם סטיל, האָט געמאַכט אַנ׳אונגעהויערן רשם אין דער ליטעראַרישער וועלט און יעדער האָט תיכּף געזעהן, אַז דאָס איז ניט עפּעס „אַנ׳אָנפאַנגער״. נאָר מען האָט דאָ צו טהון מיט אַ גרויסען און רייכען טאַלענט.

אין דעם זעלבען יאָהר האָט ער אָבגעדרוקט, ווי דער מנהג איז פון אַלע פראַנצעזישע שרייבער, וועלכע טרעטען־אַרויס דאָס ערשטע מאָל, — אַ ביכעל שירים. זעלבסט פערשטענדליך, אַז ניט אין שירים בעשטעהט מאָפּאַסאַן׳ס טאַלענט, דאָך, צייכענען זיך זיינע שירים אויך אויס מיט זייער אָרגינאַליטעט. די שירים האָבען געהאַט נאָך אַ מעלה, וואָס אַ דאַנק זיי האָט ער באַלד בעקומען אַ שטעלע אַלס חראָניקער אין דער פראַנצעזישער צייטונג „Gaulois“ און איז נצול געוואָרען פון זיין נודנער אַרבייט אין קריעגס־מיניסטעריום.

דאָ הויבט זיך אָן זיין פרוכטבאַרע ליטעראַרישע טהעטיגקייט. אין משך פון 11 יאָהר האָט ער אָנגעשריבען אַ גרויסע צאָהל גרויסע און קליינע ערצעהלונגען, שירים, ראָמאַנען און פיעסען, וועלכע האָבען איהם פערשאַפט איינעם פון די ערשטע ערטער אין דער פראַנצעזישער בעלעטריסטיק.

זײַנע ערצעהלונגען האָבען געהאַט אַנ'אונגעהויערן ערפאָלג ניט נאָר אין פראַנקרײַך, נאָר אויך אין אַלע ציוויליזירטע לענדער. זיי פלעגען אויסהאַלטען צעהנדליגע אויסגאַבען, איבערזעצט ווערען אין אַלע אײראָפּעאישע שפּראַכען, איהם פערשאַפט אַנ'אונשטערבליכען נאָמען און פלעגען איהם ברענגען אַ גאַנץ שענע הכנסה פון אַנ'ערך 60 טויזענד פראַנק אַ יאָהר.

מ א פ א ס א נ'ס ערצעהלונגען האָבען ניט בלויז געהאַט אַנ'ערפאָלג ביי'ם לעזענדען פּובליקום, נאָר אויך ביי די בעריהמטע קריטיקער און ביי זײַנע הבריה-בעלעטריסטען. ט א ל ס ט א י'ס מיינונג וועגען מ א פ א ס א ן האָבען מיר שוין אויבען געבראַכט. ז א ל א, למשל, זאָגט, אַז זײַנע ערצעהלונגע מוזען אַלעמען בעפרידיגען, זיי בעריהרען די פערשידענאַרטיגסטע זײַטען, די פײַנסטע געפיהלען פון מענשען'ס לעבען און איז געוואָרען דער ליעבלינג פון'ם פּובליקום, ווייל ער בעזיצט אַ מערקווירדיג גוט הארץ, אַ טיעפע און שאַרפע סאַטירע און אַ שענע, אַנגענעהמע פרעהליכקייט. דער בעריהמטער פראַנצעזישער קריטיקער ל ע מ ט ע ר רופט איהם אַן ק ל א ס י ש ע ר בעלעטריסט. ט ו ר ג ע נ י ע וו שטעלט איהם אַוועק אין איין שורה מיט גראף ט א ל ס ט א י.

מ א פ א ס א ן איז פון אָנהויב געוועזען ז א ל א'ס אַ תלמיד און רעכענט זיך איינער פון די גרעסטע ר ע א ל י ס ט ע ן. דאָך טרעט ער אַליין שאַרף אַרויס געגען דעם שמאָלען, איינזײַטיגען, דאָקטרינערישען רעאַליזם. אין הקדמה צום ראָמאַן „פּיער און זשאַן" קריטיקירט ער זעהר שאַרף דעם ד א ק ט ר י נ ע ר י ש ע ן רעאַליזם און ערקלערט זיין מיינונג און זיין קוק אויף דער קונסט.

די בעדײַטונג און דער ווערט פון וועלכער עס איז שאַפונג, מיינט ער, בעשטעהט איבערהויפט דערין, דאָס דער אויטאָר זאָל אַזוי ריכטיג און שמאַקפאָל צונויפשטעלען די אַלע ערשײַנונגען פון געוועהנליכען לעבען, אַז זיי זאָלען בולט אילוסטרירען די הויפט-טענדענץ פון זיין ערצעהלונג. דער שרײַבער קאָן זיך

פֿערשטעהן, דענקען, און תּוֹפס זיין אַלע ערשיינונגען פֿונ'ם לעבען לויט זיין טעמפּעראַמענט; יעדער שרייבער, אַפילו דער גרעסטער רעאַליסט, האָט זיך זיין בעזונדערע מיינונג, זיין אייגענע אילוזיע אויף דער וועלט — אַ פֿינסטערע אָדער אַ לעבענס־פֿרעהליכע, אַ פּאָעטישע אָדער אַ ציניש; און אַנדערש קאָן עס ניט זיין. דער עקר איז נאָר ער זאָל פֿאָרשטעלען זיין קוק, זיין אילוזיע קינסטלעריש — און ווען עס איז אַ גענינע ווירקט ער אויך אויפֿ'ן לעזער, ער זאָל אָנהויבען קוקען אויף דער וועלט מיט דעם זעלבען קוק, מיט דער אייגענער אילוזיע, ווי ער.

אַ טאַלענט, זאָגט ער ווייטער, בעקומט מען דורך געדולד; מען מוז זעהר לאַנג און אויפֿמערקזאַם בעטראַכטען דעם געגענ־שטאַנד, וועגען וואָס מען וויל שרייבען — דעמאָלט קאָן מען גע־פֿינען אין איהם אַזעלכע זייטען, וועלכע קיינער האָט כלל ניט בעמערקט און דאָס ווערק ווערט דעמאָלט אָריגינעל. יעדער שרייבער מוז זיך רעכענען מיט די שוועריגקייטען צו איבערגעבען זיינע געדאַנקען און זיינע בעגריפֿען. ער מוז זוכען דעם ריכטיגען, פּאַסענדען אויסדרוק צו יעדער זאַך, ווייל יעדער ענין האָט בלויז איין ריכטיגען אויסדרוק, וועלכען מען מוז געפֿינען.

און מאָפּאַסאַן האָט זיך טאַקי שטרענג געהאַלטען אָן די דאָזיגע כללים און אַלע זיינע ערצעהלונגען זענען דערום מועט המחזיק את המרובה, יעדע זאַך איז ביי איהם אַרומגעטראַכט פֿריהער זעהר גוט, יעדעס וואָרט איז געשליפֿען, געטאָקט, געוואויגען און געמאָסטען; יעדער געדאַנק, יעדעס פֿיינסטע און עדעלסטע געפֿיהל האָט זיך זיין פּאַסענדען אויסדרוק, אין אַקורצער און קליינער ערצעהלונג גיעט ער אָפֿט איבער די כאַראַקטעריסטישע זייטען פֿון לעבען און דערום רעכענט ער זיך טאַקי פֿאַר דעם גרעסטען סטיליסט אין דער פֿראַנצעזישער ליטעראַטור.

די גרויסע גייסטליכע אָנשטרענגונג האָט זעהר גיך אונטער־געגראָבען זיין פֿעסטען געזונד און פֿון 1884 יאָהר ווערט ער נערוועז.

ער האָט זיך גוט צוגעקוקט צום לעבען, געזעהן זיין גאַנצע אָריסקייט, שוואַכקייט און נאַרישקייט. ער האָט שטענדיג איראָ־ניזירט איבער די מענשען, וועלכע יאָגען זיך אייביג נאָכ'ן גליק, ער הויבט־אָן צו פעראַכטען די מענשען, שיידט זיך אויס און טיילט זיך אָב פון זיי. פאַלט אַריין אין אַ מָרה שחורה, אין אַן'אונרוהיגען אידעאַליזם און זיין נשמה ווערט צוריסען זוכענדיג אַ תשובה אויף די פיעל פראַגען, וועלכע גיעבען קיין מנוחה ניט זיינע געפיהלען...

די דאָזיגע שטימונג שפּיגעלט זיך אָב אין אַ סך פון זיינע ער־צעהלונגען, וואו ער שילדערט דעם אָבגעטיילטען, מרה־שחורה'־דיגען און איינזאַמען מענשען, ער שילדערט אויך די געפיהלען פון שרעק און מורא, וועלכע ערוועקען זיך מיט אַ בעזונדערן כח ביי אַזאַ מענשען און ברענגען איהם אָפט צו זעלבסטמאָרד...

זיין גרויסער ערפאָלג אין דער גאַנצער וועלט, אויף דער סצענע, אין דער אַקאַדעמיע, — קיין זאַך האָט נישט געהאָל־פען איהם צו בערוהיגען און אין 1891 יאָהר פּרובט ער זיך אַליין דאָס לעבען צו נעהמען. מען ראַטעוועט איהם פון דעם און אין קראַנקענהויז, וואו מען האָט איהם נאָכדעם געבראַכט, הויבט ער אָן צו קומען צו זיך, נאָר באַלד ווערען זיינע נערוועז נאָך שוואַ־כער, עס בעפאַלט אויף איהם נאָך אַ שטאַרקערע מרה־שחורה, וואָס פון טאָג ווערט ער אַלץ שוואַכער, זיין גייסטעסקראַנקהייט ווערט שטאַרקער ביז עס ווערט איהם אין יאָהר 1893 פּאַראַליזירט זיין מוח און ער שטאַרבט.

דעם יודישען לעזער זענען נאָך מאָפּאַסאַן'ס מייסטער־האַפטע ערצעהלונגען כמעט ווי אונבעקאַנט און דערום געפינען מיר פאַר אונזער חוב צו בעקענען דעם יודישען לעזער מיט זיינע פראַכטפאָלע ערצעהלונגען.

ווארשא 15 פעברואר 1907

**א. י. כהן.**

# א זוהן.

דיִ בּיידע אַלטע פֿריינד זענען זיך אַרומגעגאַנגען שפּאַציִרען איִן דעם בּליִהענדען גאָרטען, וועלכען דער אָנגעקומענער פֿריִהליִנג האָט ערוועקט צו אַ נייעם לעבען.

אייִנער פֿון דיִ פֿריינד איִז געוועזען אַ סענאַטאָר, דער צווייטער אַ מיִטגליִד פֿון דער פֿראַנצעזיִשער אַקעדעמיע; בּיידע זענען געוועזען מענשען מיִט אַ גרויסען נאָמען, זעהר ערנסטע, מיִט פֿעסטע, ערנסטע האַראַקטערען און זענען געוועזען געוועהנט יעדע זאַך לאָגיִש צו בּעטראַכטען, יעדען ענין פֿון פֿערשיִעדענע שטאַנד־פּונקטען צו בּעאורטהיילען.

ראשית האָבּען זיי זיך אַריינגעלאָזען איִן אַ שמועס וועגען פּאָליִטיִק. זייער געשפּרעך האָט זיך ניִט אַזוי פֿיִעל בּעצויגען אויף דער פּאָליִטיִק גופא, אויף דיִ איִדעען פֿון דער געגענוואַרט, וויִ אויף דיִ פּערזאָנען, וועלכע פֿיִהרען דיִ פּאָליִטיִק, דיִ מענשען, וועלכע האָבּען דיִ איִדעען בּעשאַפֿען. בּאַלד האָבּען זיי אָנגעהויבּען רעדען וועגען אַלטע זכרונות און איִן אייניִגע מינוט שפּעטער זענען זיי שוין אַרומגעגאַנגען שווייגענד איִבּער'ן שענעם גאָרטען, איינזאַפּענדיִג איִן זיך דיִ פֿריִשע לופֿט פֿון פֿראַכטפֿאָלען פֿריִהליִנגסטאָג.

אַ גרויסער בּלומענבּעעט האָט אויסגעהויכט זיין אַנגענעהמען ריח איִבּער'ן גאַנצען גאָרטען און אַ שענער, שלאַנקער בּוים האָט צושפּרייט איִן אַזאַ פֿולער מאָס זיינע בּליִטען, דאָס איִן דער לופֿט האָט זיך געצויגען אַ דיִנער, פֿיינער שטויב — אַ מיִן גאָלדענער רויך, וועלכער האָט פֿערבּרייטעט אַרום און אַרום אַ בּאַל-

זאַם־ריח פֿון אַ דופֿטענדען, גוט שמעקענדיגען פּולווער.

דער סענאַטאָר איז געשטאַנען אַ ווײַלע, טיעף אין זיך אײַנ־געאָטמעט דעם דופֿטענדען ריח, בעטראַכט מיט גרויס התפעלות דעם גליהענדען בוים, וועלכער האָט געשטראַהלט ווי די זון און פֿאַרשפּרייט זײַנע זאַמען, און האָט געזאָגט: „ווען מען בעטראַכט, דאָס די אַטאָמען, וועלכע דער בוים פֿערשפּרייט הונדערטע מײַ־לען אַרום זיך און בעשאַפֿען נײַע בײמער, נײַע וואָרצלען, וועלכע קומען־אַרויס פֿון די זאַמען, וועלכע זענען אַזוי שטערבליך, ווי מיר און האָבען אויך די זעלבע אײַגענשאַפֿטען, ווי מיר!“

ער איז צוגעטראָטען נעהענטער צום שטראַהלענדען בוים, וועלכער האָט מיט יעדען ווינדהויך צושיקט אַלץ מעהר לעבעדי־גען דופֿט און האָט אויסגערופֿען: „אַך, אַלטער פֿרײַנד, ווען דו וואָלסט איבערגעצעהלט דײַנע קינדער, וואָס דו האָסט אין דײַן גאַנצען לעבען געשאַפֿען, וואָלסטו געווען אין אַ גרויסער פֿער־לעגענהייט, דיר קומערט לגמרי נישט, וואָס עס טהוט זיך מיט דײַנע קינדער, וואו זיי לעבען, וואו זיי געפֿינען זיך...“

דער אַקאַדעמיקער האָט איהם אונטערבראָכען: „די מענ־שען טהון אויך אַקוראַט, ווי דער בוים...“

„דאָס לייקען איך נישט“— האָט איהם איבערגעשלאָגען דער סענאַטאָר, „אויך מיר קומערן זיך גאַנץ אָפֿט גאָר נישט מיט אונזערע קינדער; דער חלוק איז נאָר, וואָס מיר ווייסען און קענען אונזערע קינדער און די פֿלאַנצען האָבען נישט דאָס דאָזיגע בעוואוסטזײַן“.

דער אנדערער האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און געזאָגט: יאָ, מײַן ליעבער פֿרײַנד, עס זענען צווישען אונז אויך פֿאַרהאַן אַ סך מענשען, וועלכע קענען נישט זייערע קינדער און ווייסען פֿון זיי נישט אַקוראַט ווי דער בוים...

ווען מיר וועלען איבערצעהלען די גרויסע צאָהל פֿרויען, וואָס מיר האָבען גענאָסען, וועלען מיר אויך אויף דער איבענ־געשטעלטער פֿראַגע אַקוראַט ווי דער דאָזיגער בוים בשום אופֿן קײַן ענטפֿער נישט קאָנען געבען...

ווען מיר וועלען זיך דערמאָהנען אַלע אונזערע פֿאַרבײַגע־הענדע ליעבעס, בעקאַנטשאַפֿטען, וועלכע פֿלעגען אפשר דויערן אַ שעה אָדער צוויי, ווען מיר וועלען איבערצעהלען די צאָהל פֿרויען, מיט וועלכע מיר האָבען געלעבט אין אונזער לעבען אין... אין אינטימע בעציהונגען, מוזען מיר קומען צום בעשלוס, אַז ניט איין פֿרוי איז פֿון אונז מוטער געוואָרען...
ניט איין זוהן אונזערער ליגט אין די שענקען, בעגנב'ט, בעגזל'ט אָנשטענדיגע מענשען דאָס הײסט אונז... ניט איין טאָכטער אונזערע געפֿינט זיך אַלס דיענסט אין רײַכע הײַזער אָדער האַנדעלט מיט איהר לײַב אין די רוישענדע גאַסען...

די אַלע גנבים, גזלנים, רוצחים שאַנד־פֿרויען א. ז. וו. זענען אונזערע קינדער און מיר קענען זיך נאָך פֿרעהען אז מיר זענען ניט זײַערע קינדער...

„הערט מיך אויס, ליעבער פֿרײַנד, איך אַליין האָב אויף מײַן געוויסען אַ מיאוסע מעשה וועלכע קוועלט מיך שוין פֿון אייניגע יאָהר דורך איהרע פּקוּת, מאַכט מיך אונרוהיג און איך בין אויסער זיך פֿון איהר.

די געשיכטע איז פֿאָלגענדע:

„בשעת איך בין אַלט געווען 25 יאָהר האָב איך איין מאָל געמאַכט אַ רײַזע צו פֿוס מיט מײַנעם אַ פֿרײַנד איבער ברעטאַגנע (אַ פּראָווינץ אין פראַנקרייך).

צוויי, דרײַ וואָכען כּסדר זענען מיר געגאַנגען איבער פֿערשיעדענע פּראָווינצען, שטעדט און דערפֿער ביז מיר זענען געקומען אין דואַרנועץ. פֿון דאָרט זענען מיר אויף מאָרגען אַוועק אין אַ קליין דערפֿעל, וואו מיר האָבען איבערגענעכטיגט. אויפ'ן צווייטען מאָרגען איז מײַן פֿרײַנד קראַנק געוואָרען און מיר האָבען געמוזט אָבשטעלען אונזער רײַזע.

איך האָב אַנגערעדט מײַן פֿרײַנד ער זאָל זיך ניט אָבלאָזען און געהן ווײַטער, דען דאָ איז געווען אונמעגליך קראַנק צו זײַן. און מיט גרויס מאַטערניש זענען מיר אַוועק קײַן אודיערנע. אויפ'ן

אַנדערן מאָרגען איז איהם נאָך ערגער געוואָרען און מיר האָבען באַין אופן ניט געקאָנט זיך פון אָרט ריהרען. ערשט אויפ'ן צווייטען טאָג האָבען מיר זיך מיט גרויס מיה דערשלעפּט ביז פּאָנט־לאַבע.

דאָרט איז, לפחות, געוועזען אַ גאַסט הויז. מיין פריינד האָט זיך אַריינגעלעגט אין בעט און דער דאָקטאָר האָט ערקלערט, אַז ער האָט אַ שטאַרקען, העפּטיגען פיבער.

פּאָנט־לאַבע איז אַן'אֶמת'ע ברעטאָנישע שטאָדט מיט אַלע תּגין, וועלכע ענטהאַלט אין זיך אין דער אַמאָליגער געשטאַלט אַלע ברעטאָנישע מנהגים, מדות, לעגענדען א. ז. וו.

אין אַ גרויסען, טריבען מרה שחורה־דיגען און טרויעריגען טייך באָדען זיך די חורבות פון אַן' אַלטען, גרויסען שלאָס. אַ קליינער טייכעל טיילט זיך אויס פון גרויסען טייך און פליסט אַריין אין שטאָדט.

די מענער טראָגען נאָך אַלע די מלבושים פון די פערגאַנגענע דורות. יעדער טראָגט אַגרויסען הוט, אַ צונויפגעשטיקטע וועסט און פיער רעק, אײנער איבער'ן אַנדערן, פון וועלכע דער ערשטער איז אַ קורצער און בעדעקט קוים די ברוסט און דער לעצטער בעדעקט שוין די הויזען.

אַ בעזונדערן איינדרוק מאַכען אויף אַ רייזענדען די פרויען פון פּאָנט־לאַבע. אַלע זענען פון גרויסען וואוקס, שען, געזונד, שנירען זיך איין אין אַ מאָדנער יאַק און טראָגען אַ זעלטענע בעדעקונג אויפ'ן קאָפּ. זייער האָר איז זעהר שען פערפלאָכטען און פערבונדען מיט גאָלד־און זילבער־בענדער.

אין אונזער גאַסטהויז איז געוועזען בלויז איין דיענסט, אַ מיידעל פון אַ יאָהר אַכטצעהן מיט גרויסע בלויע, בלאַס וואַסער־בלויע אויגען, מיט צוויי שורות קורצע און אַזוינע שטאַרקע צעהנער, דאָס עס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז זי קאָן מיט זיי אַפילו שטיינער צובייסען.

אַזוי ווי כמעט אַלע איינוואָהנער פון'ם שטעדטיל, האָט זי אויך קיין איין וואָרט פראַנצעזיש ניט פערשטאַנען, ווייל די גאַנצע בעפעלקערונג רעדט נאָך אַלץ ברעטאָניש.

מײַן פֿרײַנד'ס קראַנקהײט איז אַפִֿילוּ ניט געװעזען קײן געפֿעהרליכע, דאָך, האָט דער דאָקטאָר איהם שטרענג אָנגעזאָגט זיך גוט אויסצורוהען און ערשט דעמאָלט אָנהויבען פֿון דאָס נײַ אונזער רײַזע. איך פֿלעג זיצען גאַנצע טעג בײַ מײַן פֿרײַנד'ס בעט און דאָס מײדעל פֿלעגט אונז דאָ ברענגען עסען און טרינקען.

איך האָב געפּרובט מאַכען מיט איהר אײניגע שפּאַסען, װעלכע האָבען איהר זעהר פֿעראינטערעסירט און זי האָט שטאַרק הנאה געהאַט; צוזאַמענרעדען, פֿערשטעהט זיך, האָבען מיר זיך ניט געקאָנט.

אײן אָבענד בין איך אַװעקגעגאַנגען פֿון קראַנקען שוין גאַנץ שפּעטלעך און אין פֿאָרהויז האָב איך בעגעגענט דאָס מײדעל, װעלכעס האָט אויך געזוכט די טהיר פֿון איהר צימער. איך האָב עפּעס פּלוצלינג, גאָר ניט נאָכטראַכטענדיג, װאָס איך טהו, איהר אַרומגענומען אַרום איהר טאַליע, איהר אַרײַנגעשלעפּט אין מײַן צימער און פֿערשלאָסען די טהיר. זי האָט אויף מיר אויסגעשטעלט אַ פּאָר פֿערבלאָנדזשעטע שרעקעדיגע אויגען און מוראָ האָבענדיג אפשר, דער בעל הבית זאָל איהר ניט אַרויסטרײַבען האָט זי אַפִֿילוּ קײן. קרעכץ נישט געלאָזט הערען.

פֿריהער איז דאָס געװעזען בײַ מיר אַ שפּאַס, נאָר קוים האָב איך געזעהן, אַז זי געפֿינט זיך בײַ מיר אין צימער, האָב איך בעקומען אַ שטאַרקע תּשוּקה איהר צו בעזיצען. עס האָט זיך אָנגעהויבען צװישען אונז אַ שטאַרקער און אַ דוירענדער קאַמפּף, אַ קאַמפּף צװישען צװײ קערפּער, װעלכע האָבען זיך געהאַט פֿעסט אַרומגעקלאַמערט אײנער דעם אַנדערן און װעלכע זענען אין אײניגע מינוטען בעדעקט געװאָרען מיט אַ שטאַרקען שװײס. זי האָט זיך פֿערטײדיגט העלדיש, טאַפּפֿער, בשעת'ן ראַנגלען זיך זענען אומגעפֿאַלען שטוהלען, זיך אומגעקעהרט טישען. יעדע פּאָר מינוטען פֿלעגען מיר זיך אָבשטעלען און זיך צוהערען צו האָט מען נישט דערהערט אונזער ליאַרעם און צו איז ניט װער עס איז אויפֿגעשטאַנען פֿון אונזער רעש; דערנאָך האָבען מיר אונזער

משוגע'נעם קאַמפּף פֿאַרטגעזעצט, און וועלכען זי האָט זיך שוין אָנגעהויבען פֿערטיידיגען מיט יאוש.

סוף כל סוף איז זי געבליבען אָהן כחות און אַנידער גע־פֿאַלען אויף דער ערד. איך האָב זיך אײַנפֿאַך און גראָב אויף איהר אַרויפֿגעוואָרפֿען...

זי איז דערנאָך אויפֿגעשטאַנען, מיט אימפּעט צוגעלאָפֿען צו דער טהיר, זי אויפֿגעעפֿענט און האַסטיג ענטלאָפֿען...

אויף'ן אַנדערן טאָג האָב איך זי שוין כמעט גאָר נישט גע־זעהן, זי האָט מיך, אַ פּנים, אויסגעמידען, ניט געוואָלט מיך בעגעגנען...

און גיכען איז מײַן פֿרײַנד אינגאַנצען געזונד געוואָרען און מיר האָבען זיך גענומען צוגרייטען צו אונזער ווײַטערדיגער רײַזע.

די נאַכט איידער מיר זענען אַוועק איז זי אַרײַן צו מיר אין צימער אַ באָרפֿיסע און אָנגעטהון אין איין העמד.

זי האָט מיך ליידענשאַפֿטליך אַרומגענומען, געהאַלזט און הייס געקושט. אַ גאַנצע נאַכט איז זי אזוי געזעסען אויף מײַן בעט, האָט געוויינט, געשלוכצט, האָט מיר אַרויסגעוויזען אַלע סמנים פֿון ליעבע, פֿון פֿערצווייפֿלונג...

אויף מאָרגען זענען מיר אָבגעפֿאָהרען און אין אַכט טעג אַרום האָב איך שוין די גאַנצע מעשה פֿערגעסען.

דרײַסיג יאָהר זענען פֿערשוואונדען ביז איך האָב זיך ווידער דערמאָהנט אָן דער געשיכטע; אין דרײַסיג יאָהר אַרום האָב איך ווידער בעזוכט דאָס שטעדטיל פּ אָ נ ט־ל אַ ב עַ.

אין גאַנצען אָרט איז קיין ברעקעל שנוי נישט פֿאָרגעקומען, דער שלאָס האָט נאָך אַלץ געבאָדען זײַנע גרויהע מויערן אין גרויסען טײַך בײַ'ם אײַנגאַנג פֿון שטאָדט; דאָס גאַסטהויז איז אויך געבליבען דאָס זעלבע, נאָר עס האָט אויסגעזעהן עפּעס נײַער, מאָדערנער.

בשעת איך בין אַרײַן אין גאַסט־הויז האָב איך תּיכף בע־מערקט צוויי יונגע ברעטאָנישע מעדלעך פֿון אַ יאָהר 18, פֿרישע,

שענע און פּעטע, אָנגעטהון, ווי אַלע ברעטאָנישע מיידלעך.

עס איז שוין געווען זעקס אַ זייגער אין אָבענד, איך האָב זיך געזעצט עסען. דער בעל־הבית האָט מיך אַליין בעדינט און איך האָב דערום איהם געפרעגט, צי ער האָט געקענט די אַמאָליגע בעלי־בתים פון'ם גאַסט־הויז און האָב איהם דערצעהלט, אַז מיט דרייסיג יאָהר צוריק בין איך דאָ געשטאַנען אַ נ'ערך פון צעהן טעג.

„איך האָב דאָס הויז,—האָט ער מיר געענטפערט, איבער־גענומען פון מיינע עלטערן."

איך האָב איהם דערצעהלט, אַז דעמאלט בין איך דאָ געשטאַנען, ווייל מיין פריינד, מיט וועלכען איך האָב גערייזט איז קראַנק געוואָרען. ער האָט מיר ניט געלאָזט ענדיגען מיין ער־צעהלונג און האָט אויסגערופען: „יאָ, איך דערמאָהן זיך עס גאַנץ גוט, איך בין דעמאָלט אַלט געווען פופצעהן יאָהר. איהר האָט פערנומען דאָס צימער פון הינטען אַרוים און אייער קראַנ־קער פריינד האָט זיך געפונען אין דעם ענטקעגען צימער פאָר דער גאַס, וואו איך וואוין איצט".

איך האָב זיך דערמאָהנט אָן דאָס קליינע דיענסט מיידעל און איהם געפרעגט: „דערמאָהנט איהר זיך אויך אפשר אָן די שענע קליינע דיענסט, וואָס אייער פאָטער האָט דעמאָלט געהאַט? ווען איך בין זיך ניט טועה, האָט זי געהאַט זעהר שענע בלויע אויגען און פראַכטפאָלע צעהנער".

„אַוודאי דערמאָהן איך זיך, זי איז דערנאָך געשטאָרבען, אין קינד־בעט".

און ער האָט מיר מיט זיין האַנד אָנגעוויזען אויף זעהר אַ מאוס'ן, הינקעדיגען מענש, וועלכער האָט צוזאַמענגענומען די מיסט פון הויף און געזאָגט: „אָט דאָס איז איהר זוהן".

איך האָב געלאַכט און בעמערקט: „גאָר שען איז ער ניט. צו דער מוטער איז ער ניט ענהליך, מסתּמא איז ער געראָטען אין פאָטער".

„עס קאָן זײַן, האָט מיר דער בַעל הַבַיִת געענטפערט, דאָך האָט מען זיך נאָך עַד הַיום נִיט דערוואוסט, ווער דער פּאָטער איז. זי איז געשטאָרבען און האט קײנעם ניט פערטרויט דעם סוד ווער עס איז דער פּאָטער פון זוהן".

מיר איז עפּעס דורכגעלאָפען אַ מאָרנעם אונאַנגענעהמעס געפיהל, און אַ פּײַנליכער שווידער, וועלכער זאָגט געוועהנליך אָן וועגען אַ שווערען קומער האָט אַרומגענומען מײַן האַרץ, און איך האָב אַ קוק געגעבען אויפ'ן מענש. ער האָט אָנגעשעפּט צוויי ריזיגע עמערס וואַסער פאַר די פערד און האָט זיי דערנאָך אויף זיך געשלעפּט צום שטאַל. צוזאַמען מיט די עמערס האָט ער אויך געשלעפּט זײַן קירצערען פוס און האָט בעת מַעֲשֶׂה געהאַט זעהר אַנ'עלענדען, טרויעריגען אויסזעהן ... עס איז געוועזען אַנ'אֶמת'ר צַער צו קוקען אויף איהם. ער איז געוועזען אײַנגעוויקעלט אין שמאַטעס, זײַן פָּנִים איז געוועזען קויטיג און זײַנע האָר איז געוועזען פערבלאָטיגט און אָנגעקלעבט אָן זײַנע באַקען...

דער בעל-הבית האָט מיר בעמערקט: „ער ברענגט דאָ ניט קײן סך נוצען. מײַנע עלטערן האבען רחמנות געהאַט אויף איהם און האָבען איהם אויסגעהאָדעוועט דאָ אויפ'ן הויף. עס איז מעגליך, אַז ער וואָלט געוועזען גאָר אַנ'אַנדער מענש ווען ער וואָלט בעקומען אַ גוטע ערציהונג, אָבער שטעלט אײַך פאָר: אַ קינד אָהן אַ פּאָטער, אהן אַ מוטער און אָהן געלד"!

איך האָב איהם גאָר נישט געענטפערט.

איך בין באַלד אַרײַן צו מיר אין צימער און אַ גאַנצע נאַכט געטראַכט וועגען דעם עלענדען שטאַלקנעכט. „און אֶפשר איז ער מײַן זוהן?" — האָב איך אָנגעהויבען זיך פרעגען. „איז עס מעגליך, אַז איך האָב דערהרג'ט דאָס שענע מיידעל און געבראַכט אויף דער וועלט דעם נפש?"

יאָ! עס קאָן זײַן...

איך האָב בעשלאָסען צו רעדען מיט'ן מענשען און בײַ איהם גענוי געוואָהר ווערען ווען ער איז געבוירען געוואָרען.

אויפ'ן צווייטען טאָג האָב איך איהם געלאָזען רופען צו מיר, ער האָט ניט פערשטאַנען קיין איין וואָרט פראַנצעזיש. איך האָב זיך געמוהט מיט איהם צונויפרעדען מיט דער הילף פון אַ מיידעל, וואָס האָט גערעדט פראַנצעזיש. ווען ער איז געבוירען געוואָרען האָט ער נישט געוואוסט. ער האָט געמאַכט דעם איינדרוק ווי ער וואָלט בכלל ניט וויסען וועגען וואָס מען רעדט. ער האָט געקוקט אויף מיר מיט דומפּע בליקען, האָט מיט זיינע שמוציגע הענד יעדע מינוט געדרעהט זיין הוט און נאַריש דאַביי געלאַכט; און דאָך האָט מיר זיין לאַבען דערמאָנט איניגע שטריכען פון זיין מוטער.

באַלד איז אַריינגעקומען דער בעל־הבית און האָט מיר אַריינגעבראַכט זיין געבורטס־שיין. ער איז געבוירען געוואָרען 8 חדשים און 26 טעג נאָכדעם ווי איך בין אָבגעפאָהרען פון פאַנטע־לאַבע. אויפ'ן שיין איז געווען אַ בעמערקונג: דער פאָטער איז אונבעקאַנט. די מוטער האָט געהייסען: יעאַנע קעראַדעק.

עס האָט מיר אָנגעהויבען שרעקליך צו קלאַפּען דאָס הארץ. איך האָב ניט געקאָנט אַרויסרעדען קיין איין וואָרט. איך האָב געפיהלט, אַז איך ווער פּשוט דערשטיקט און האָב געקוקט אויפ'ן מענש, וואָס איז געשטאַנען פאַר מיר, אויף זיינע געלבע האָר, וועלכע האָבען געהאַט אַ ערגערען ריח פון מיסט און דער עלענדער מענש האָט עפּעס געקוקט אויף מיר פער־וואונדערט, האָט באַלד פערדרעהט זיין קאָפּ און האָט געזוכט זיך אַרויסצומאַכען פון מיין צימער.

אַ גאַנצען טאָג בין איך אַרומגעגאַנגען ביי'ם קליינעם טאַ־בעל פול מיט קוועלענדע, מאַטערענדע געדאַנקען. איך האָב געזוכט אַנ'עצה, אָבער גאָר נישט געפונען. שעה'ען לאַנג האָבען שרעק־ליכע ספקות געמאַטערט מיין נשמה און געריסען מיין האַרץ און האָב געזוכט מיר צו איבערצייגען, אַז איך בין ניט זיין פאָטער, נאָר עס האָט גאָר נישט געהאָלפען, דער פאַקט איז געווען צו בולט איך זאָל איהם קאָנען אָבלעקענען און צום סוף

האָבּען מיר אַלע פֿאַקטען געבּראַכט צו דער שוידערהאַפטער איבּערצייגונג, דאָס דער מענש איז מיין זוהן .

אַ גאַנצען טאָג האָבּ איך כמעט גאָר ניט געגעסען. פֿריה בין איך אריין אין מיין ציממער זיך געלעגט אין בעט און גע־פּרובּט איינשלאָפֿען, דאָך האָט עס לאַנג געדויערט איידער איך בין איינגעשלאָפֿען ; און בשעת איך בין שוין יאָ איינגעשלאָפֿען האָבּען זיך פֿאַר מיר פֿאָרגעשטעלט אונערטרעגליכע בּילדער. די גאַנצע נאַכט האָבּ איך געזעהן דעם מענש פֿאַר מיר, וועלכער האָט מיר אריינגעלאַכט אין פּנים און מיך גערופֿען: טאַטע! דערנאָך איז ער עפּעס פּלוצלונג פֿערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ הונד און געפּרובּט מיך איינבּייסען. איך האָבּ אָנגעהויבּען ענט־לויפֿען און ער איז מיר נאָכגעלאָפֿען, געשריגען און געזו־דעלט. דער נאָך איז ער געקוממען פֿאַר די מיטגלידער פֿון דער פֿראַנצעזישער אַקאַדעמיע זיי זאָלען ענטשיידען, אויבּ איך בין זיין פֿאָטער און איין אַקאַדעמיקער האָט אויסגערופֿען : „אָהן אַ ספק איז ער זיין זוהן! גיעט אַ קוק, ווי ער עהנליך איז צו איהם און פּלוצלונג האָבּ איך אַליין בעמערקט אַז ער איז טאַקע עהנליך צו מיר ! דאָ האָבּ איך זיך אויפגעחאַפּט פֿון מיינע שווערע חלומות מיט׳ן קוועלענדען ברענענדען וואונש דעם מענש תּכּף צו זעהן און פּעסט שטעלען, אויבּ ער איז טאַקי עטוואָס עהנליך צו מיר.

אויף מאָרגען — דאָס איז געווען זונטאָג — האָבּ איך איהם בּעגעגענט בשעת ער איז געגאַנגען אין קירכע. איך האָבּ איהם דערלאַנגט אַ מטבע און האָבּ איהם אָנגעקוקט מיט מורא, ער האָט צוגענוממען דאָס געלד און געלאַכט. ער האָט עפּעס אַרויס געמורמעלט, משמעות, מיר געדאַנקט און ענטלאָפֿען פֿון מיר.

אַ גאַנצען טאָג האָבּ איך ווידער פֿערבּראַכט אין פּחד און אונרוה. אַנטקעגען אָבענד האָבּ איך צו מיר גערופֿען דעם בּעל־הבּית, איהם דערצעהלט, אַז איך אינטערעסיר מיך מיט׳ן מענשען און איהם געפֿרעגט, וואָס קאָן איך פֿאַר איהם טהון.

דער בּעל־הבּית האָט מיר געענטפֿערט: „טראַכט גאָר ניט

זועגען דעם. ער איז אַ נאַר נישט, אַ טויגעניכטס און אײַערע טובות קאָנען זײַן פֿאַר איהם דאָס גרעסטע אומגליק. ער קאָן נאָר אויפֿראָמען די שטאַלען און מעהר גאָר נישט. דערפֿאַר קריגט ער עסען און האָט וואו צו שלאָפֿען. מעהר דאַרף ער נישט. אַ פאָר אַלטע הויזען, ווען איהר האָט, קאָנט איהר איהם יאָ געבען..."

איך האָב מיט איהם מעהר ניט גערעדט און בעשלאָסען אַליין צו בעטראַכטען, וואָס פֿאַר איהם צו טהון.

און אָבענד איז דער עלענדער געקומען אַ היים טויט שכּור, האָט שיער נישט געמאַכט אַ שריפֿה אין הויז, האָט געשלאָגען אַ פֿערד אונ׳ברחמנות׳דיג און איז אַ גאַנצע נאַכט געשלאָפֿען אין דרויסען אין בלאָטע און רעגען.

אויפֿ׳ן אַנדערן טאָג האָט מען מיר שוין ניט געלאָזען געבען איהם געלד. דער בראַנפֿען האָט איהם געמאַכט ווילד, משוגע, און קוים האָט ער געהאַט צוויי גראָשען אין קעשענע פֿלעגט ער עס פֿערשכּור׳ן, „איהם געלד געבען, — האָט מיר דער בעל־הבית ערקלערט, הייסט ברענגען אויף איהם דעם טויט".

שעה׳ענווײַז פֿלעג איך זיצען בײַ מיר אין צימער, האַלטען אַ בוך פֿאַר מיר און אין אמת׳ן גאָר טראַכטען וועגען איהם. איך פֿלעג קוקען אויף איהם דורכ׳ן פֿענסטער, זוכען אין איהם עפּעס עהנליכע שטריכען, עהנליכע געזיכטס־ציגע און צום סוף האָב איך בעמערקט אײניגע ליניעס אין שטערן, וועלכע זענען געווען עהנליך צו מײַנע און אויך עהנליכע שטריכען בײַ דער נאָז.

איך האָב לענגער דאָ נישט געקאָנט בלײַבען כּדי ניט צו דערוועקען עפּעס אַ חשד, איך האָב דעם בעל־הבית איבערגעלאָזען אַ ביסעל געלד עטוואָס צו פֿערלײַכטערן די שווערע לאַגע פֿון שטאַלקנעכט און בין אָבגעפֿאָהרען פֿון דאַנען מיט אַ שווערען האַרצען און אַ צובראָכענער, צוריסענער נשמה...

און איצט לעב איך שוין זעקס יאָהר אין די שווערע געדאַנקען, אין דער שוידערהאַפֿטער אונגעוויסהײט. איז דעם

שרעקליכען ספק. יעדעס יאָהר פֿאָהר איך קיין פּאָנט־לאַבע, בעטראַכט אַלץ דעם עלענדען שטאַלקנעכט, פֿערזוך איהם צו העלפֿען און פֿאָהר אַוועק מיט אַלץ אַ גרעסערן ספק און אין אַ גרעסערן פּחד און קוואַל.

איך האָב געזוכט איהם לערנען צו לאָזען.

ער איז, אָבער שרעקליך שטומפּזיניג.

איך האָב געוואָלט איהם צו העלפֿען, אָבער בחנם איז מיין גאַנצע מיה. געלד טאָר מען איהם נישט געבען און נייע קליידער פֿערקויפֿט ער און דאָס געלד פֿערשכור'ט ער...

ווען איך האָב נאָך אַמאָל זיך געווענדעט נאָך אַן עצה צום בעל־הבית האָט ער מיר געענטפֿערט: אַלץ וואָס איהר טהוט פֿאַר איהם איז אַרויסגעוואָרפֿען איהר טהוט איהם בלויז שאָדען. מען מוז איהם האַלטען, ווי אַ געפֿאַנגענעם. ווען ער וועט זיין פֿריי וועט ער ווערען ווילד, געפֿעהרליך, ווען איהר ווילט טהון צדקה זוכט אייך עפּעס אַנ'אַנדערן אויס, פֿאַר וועלכען אייער מיה זאָל נישט זיין אַרויסגעוואָרפֿען...

וואָס האָב איך איהם געקאָנט ענטפֿערן דערויף?

ווען דער אידיאָט וואָלט זיך עפּעס דערוואוסט פֿון די שרעקליכע ספקות, וועלכע האָבען מיך אַזוי געמאַטערט, וואָלט ער פֿעהיג געווען מיך צו פֿערשטעהן, מיר אונגליקליך, בדיל הבדל צו מאַכען און אויף דער גאַס, אַזוי ווי אין חלום, נאָך מיר „טאַטע!" נאָכצושרייען.

איך האָב די מוטער דערהרגעט און מיין זוהן איז געבוירען געוואָרען אין שמוץ, אויסגעוואַקסען און ערצויגען געוואָרען אין שטאַל מיט די פֿערד צוזאַמען...

איהר קאָנט זיך בשום אופן נישט פֿאָרשטעלען דאָס אונערטרעגליכע, דומפּפֿע געפֿיהל, וואָס איך בעקום בשעת איך שטעה ביי איהם. דער געדאַנק אַז דער מענש איז פֿון מיר געבוירען, מיט מיר פֿערבונדען, געהערט צו מיר דורך זיין פֿלייש, זיין בלוט, זיינע נטיות, לייַדענשאַפֿטען, דער געדאַנק—

מאַכט מיר משוגע, פיהרט מיך אַרונטער פון מיין פערשטאַנד...

איך האָב אַ ליידענשאַפטליך בעדערפניש איהם צו זעהן און יעדעס יאָהר פאָהר איך אַהין, קוק אויף איהם דורך מיין פענסטער און רעד צו זיך: „דאָס איז מיין זוהן".

אָפטמאָל פיהל איך אַ הייסען פערלאַנג איהם צו האַלזען, אַרומצונעהמען. דאָך האָב איך נאָך קיין מאָל אַפילו זיין שמוציגע האַנד נישט אָנגערירט...

דער אַקאַדעמיקער איז ענטשווינגען געוואָרען.

נאָך אַ קורצער פויזע האָט דער סענאַטאָר בעמערקט:

„אַודאַי! מיר מוזען זיך מעהר אינטערעסירען מיט די קינדער, וועלכע האָבען קיין פאָטער נישט."

עס איז פאָרבייגעגאַנגען אַ ווינד הויך. דער גרויסער בוים האָט זיך אַ טרייסעל געטהון, צושאָטען זיינע טרויבען אַרום זיך און בעדעקט די ביידע אַלטע לייט מיט אַ דופט־וואָלקען. די אַלטע זענען געשטאַנען שווייגענד און טיעף אין זיך איינגעאָטמעט דעם אָנגענעהמען שמעקעדיגען ריח פון וואונדערבאַרען בוים..

# ער?

מײַן ליבער פֿרײַנד, דו געפֿינסט, אַז איך בין חסר דעה? איך פֿערשטעה עס. דו האַלסט מיך פֿאַר משוגע? אפֿשר בין איך טאַקי אַ ביסעל משוגע, דאָך, ניט צוליב טעמים, וואָס דו שטעלסט=אַרויס.

יאָ, איך האָב חתונה.

און דאָך זענען אין מײַנע געדאַנקען און איבערצײַגונגען קײן ברעקעל שנוי נישט פֿאָרגעקומען. נאָך עד היום האַלט איך, אַז די געזעצליכע פֿעראײַניגונג איז אַ גרויסער שטות. איך בין איבערצײַגט, אַז פֿון צעהן חתונה געהאַטע טרעפֿט בײַ אַכט, דאָס זײַערע פֿרויען וואַרפֿען זײַ אַוועק אָדער ווערען זײַ נמאס. און בעסער פֿערדינען זײַ עס גאָר ניט, ווײַל זײַ זענען געווען אַזוי נאַריש, אויף זיך אַלײן קעטען אַרויפֿגעלעגט. זיך אָבגעזאָגט פֿון דער פֿרײַערע ליבע, די אײַנציגע גוטע זאַך אויף דער וועלט, און אונז געצוואונגען זיך אָבצוהאַלטען פֿון דער קראַפֿט, וואָס ציהט אונז אַזוי שטאַרק צו אַלע פֿרויען.

איך גופא פֿיהל זיך איצט פֿיעל מעהר אונפֿעהיג אײַן פֿרוי צו ליבען, ווײַל איך ליב אַלע אַנדערע שטענדיג צו פֿיעל. איך וואָלט וועלען האָבען טויזענד אָרעמס, טויזענד ליפּען און טויזענד טעמפּעראַמענטען, כּדי אין אײַן צײַט אַ גאַנצע מחנה פֿון די רײַצענדע און נוצלאָזע נפשות אַרומצונעהמען.

און פֿונדעסטוועגען האָב איך חתונה.

איך מוז נאָך מוסיף זײַן, אַז דאָס מײַדעל, וואָס ווערט פֿון מאָרגען אָן מײַן פֿרוי קען איך כּמעט ניט. איך האָב איהר ערשט אַ פֿיער, פֿינף מאָל געזעהן. איך ווײס, אַז זי געפֿעלט

מיר און דאָס קלעקט שוין פֿאַר דעם צוועק, צו וועלכען איך דאַרף איהר. זי איז קליין, בלאָנד און איינגעקאָרטשעט. איבער־מאָרגען וועל איך מסתמא חשק האָבען צו אַ גרויסע, ברוינע און שלאַנקע פֿרוי.

זי איז ניט רייך. זי שטאַמט פֿון אַ מיטעל־מעסיגער משפחה און איז אַ מיידעל, וועלכע מען געפֿינט דוצענדוויז, גוט אויף התונה צו האָבען; זי בעזיצט ניט קיין מעלות און ניט קיין חסרונות. היינט רעדט מען וועגען איהר: "פֿריילין לאַיאָלע איז גאַנץ שען", און מאָרגען וועט מען זאָגען: „פֿרוי ריימאָנד איז זעהר שעהן". בקצור, זי געהערט צו דער מחנה יונגע אָנ־שטענדיגע מיידלעך, „וועלכע מען נעהמט מיט שמחה פֿאַר אַ פֿרוי", ביז מען בעמערקט, אין אַ שענעם פֿריה מאָרגען, אז די איבעריגע פֿרויען, פֿון וועלכע מען האָט איהר אויסגעקליבען, זענען בעסער פֿון איהר.

„פֿאַר וואָס איך האָב דאָך חתונה", פֿרעגסטו.

איך שעם מיך פשוט און האָב מורא דיר מודה צו זיין דעם אמת'ן, וונדער־באַרען און אונגלויבליכען טעם, וואָס האָט מיר געצוואונגען צו אַזאַ משוגע'נעם שריט.

איך האָב חתונה, כדי ניט צו זיין אַליין.

איך ווייס ניט. ווי זאָל איך דיר עס ערקלערן און געבען דיר צו פֿערשטעהן, אָדער וועסטו אויף מיר רחמנות האָבען, אָדער וועסט מיך פֿעראַכטען! אין אַזאַ גייסטעס צושטאַנד געפֿין איך מיך.

איך וויל ביי נאַכט ניט זיין אַליין. איך וויל ביי מיר, נעבען מיר פֿיהלען עפּעס אַ נפש, וואָס זאָל קאָנען רעדען, קיין נפקא מינה ניט וואָס.

איך וויל, בשעת איך חאַפּ זיך אויף פֿון שלאָף, זאָל איך איהר קאָנען עפּעס פֿרעגען, עפּעס נאַרישעס, נאָר כדי איהר שטימע צו הערען, כדי צו פֿיהלען, אַז אין מיין דירה וואוינט מען, כדי צו וויסען, אַז אַ נשמה ליגט וואַך, כדי, ווען איך צינד

אָן אויף גיך אַליִבֿט זאָל איך בײַ מיר זעהן אַ צורה ווײַל...—איך שעם זיך עס צוזאָגען—ווײַל... ווײַל איך האָב מורא בְּשַעת איך בין אַליין...

דו וועסט עס מיך נאָך ניט פֿערשטעהן.

איך האָב קיין מורא ניט פֿאַר וועלכֿער עס איז סַכָּנָה. אַ רוצֵחַ זאָל צו מיר אַרײַנקומען, וואָלט איך איהם אָהן אַ שוידער דערהַרג׳עט. איך האָב אויך קיין מורא ניט פֿאַר שֵׁדים, דען איך גלויב אין איבּערנאַטירליכֿע זאַכֿען נישט. איך האָב קיין מורא ניט פֿאַר מֵתים, איך גלויב, אַז יעדע זאַך, וואָס פֿערשווינדעט מוז פֿערניכֿטעט ווערען.

נו?.. יאָ נו?.. איך האָב מורא פֿאַר מיר גופֿא. איך האָב מורא פֿאַר דער מורא; איך האָב מורא פֿאַר די קרעמפּף פֿון מיין גייסט וועלכֿער ווערט אויסער זיך; איך האָב מורא פֿאַר אַ שוידערליכֿען חוש פֿון אַנ׳אונבעגרייפֿליכֿען שרעק.

לאַך. ווען דו ווילסט, עס איז גרויליך, אונהיילבאַר, איך האָב מורא פֿאַר די מויער׳ן, פֿאַר די מעבעל, פֿאַר אַלע בעקאַנטע נעגענשטענדע, וועלכֿע בעקומען אָפּט פֿאַר מיר אַלע לעבענס-סימנים. איך האָב בעזונדערס מורא פֿאַר דער שוידער-ליכֿער אונרוהה פֿון מיינע געדאַנקען, פֿון מיין פֿערשטאַנד, וועל-כֿער וואַרפֿט אויף מיר אַרויף אַ געהיימניספֿאָלען, אונבעגרייפֿלי-כֿען פּחד, וועלכֿער, עס דוכֿט זיך מיר, ווערט צו שאָטען ווי זאַמד.

פֿריהער האָב איך אָנגעהויבען פֿיהלען, ווי עס קריכֿט אַריין אין מיין נשמה אַנ׳אונבעשטימטע אונרוהע און נעהמט-אַרום מיין רוקען אַ שוידער. איך האָב מיר אומגעקוקט. גאָר נישט! און איך האָב דאָך געוואָלט ענטדעקען עפּעס אַ סִבָּה, עפּעס מַמָשוּת׳דיג. דען מיין גאַנצער מורא בעשטעהט אין דעם, וואָס איך פֿערשטעה ניט דעם גרונד פֿון מיין מורא.

איך רעד! און האָב מורא פֿאַר מיין שטימע. איך געה! און איך האָב מורא פֿאַר עפּעס אַנ׳אונבעקאַנטען הינטער׳ן טהיר,

הינטער'ן פֿאָרהאַנג, אין שאַף, הינטער'ן בעט. און דאָך ווייס איך, אַז עס איז ערגעץ גאָר נישט ניטאָ.

און איך קעהר מיך האַסטיג אום, ווייל איך האָב פֿאַר דעם מורא, וואָס געפֿינט זיך הינטער מיר, הגם איך ווייס גאַנץ גוט, אַז עס איז גאָר נישט.

איך ווער אויפֿגערעגטער, פֿיהל, אַז מיין פחד הויבט-אָן וואַקסען און איך שליס מיך איין אין מיין צימער; געשווינד לעג איך זיך אַריין אין בעט, טוליע זיך איין אין דער קאָלדרע און מאַך צו מיינע אויגען פֿול מיט פֿערצווייפֿלונג און יאוש. און איך בלייב אַזוי אַ לאַנגע צייט ליגען מיט'ן געדאַנקען דאָס מיין ליכט ברענט נאָך אויפֿ'ן נאַכט-טיש, און אַז איך דאַרף עס אויסלעשען. איך טהו עס אָבער ניט.

איז עס ניט שרעקליך אַזוי צו לעבען? אַמאָל האָב איך פֿון אַזוינע זאַכען כלל נישט געוואוסט. איך פֿלעג מיר קומען גאַנץ רוהיג אַהיים, איך פֿ'עג מיר אַרומגעהן הין און צוריק אין מיין דירה און קיין זאַך פֿלעגט ניט שטערן די פֿרעהליכקייט פֿון מיין געמיטה. ווען מען וואָלט מיר דערצעהלט, וועלכע קראַנקהייט, וואָס פֿאַר אַנ'אונבעגרייפֿליכע, נאַרישע און שרעקליכע מורא עס וועט ווען עס איז אויף מיר בעפֿאַלען, וואָלט איך אָנגעלאַכט פֿולע הויפֿענס; דעמאָלט פֿלעג איך נאָך אין דער פֿינסטערער דונקעלהייט זיך רוהיג עפֿענען אַלע טהירען, געלאַסען זיך אַריינלעגען אין בעט, די טהירען כלל נישט פֿערריגעלט און קיין מאָל ביי נאַכט ניט אויפֿגעשטאַנען אַ קוק צו טהון, אויב אַלע געננ פֿון מיין צימער זענען אָבגעשפּאַרט און צוגעשלאָסען.

דאָס אַלץ האָט זיך ערשט אָנגעהויבען אין פֿאָריגען יאָהר אויף אַ זעלטענעם אופֿן.

עס איז געווען אַ פֿייכטער הערבסט-אָבענד. בשעת מיין הויזהאַלטערקע איז נאָכ'ן עסען אַוועקגעגאַנגען, האָב איך מיך געפֿרעגט, וואָס זאָל איך איצט אָנהויבען טהון. איך בין איינינע מאָל הין און צוריק דורכגעגאַנגען מיין צימער, איך האָב מיך

געפּיהלט זעהר מיר, שרעקליך נידערגעשלאָגען. אונפעהיג צו יעדער אַרבייט, יאָ צו עלענד, כדי צו לייענען. אַ פּיינער רעגען האָט בעגרעצט די פּענסטער־שויבען; איך בין געוועזן טרויעריג — אינגאַנצען אָנגעפּילט פון יענער גרונדלאָזער טרויעריגקייט, וועלכע ערוועקט אונז אַזש צו טרעהרען, און ערדעגט אין אונז דעם פערלאַנג, מיט וועמען עס איז, קיין נפקא מינה ניט מיט וועמען, צו רעדען, כדי בלויז די לאַסט פון אונזערע געדאַנקען אַראָבצו־וואַרפען.

איך האָב מיר געפּיהלט אַזוי איינזאַם און אַליין. מיין דירה האָט מיר אויסגעזעהן אַזוי פּוסט, וואָס איך האָב עס נאָך קיין מאָל ניט געפּיהלט. אַן׳אונענדליכע ביטערע איינזאַמקייט האָט מיר אַרומגענומען. וואָס זאָל איך טהון? איך האָב מיך ווידער אַ נידערגעזעצט. אַ נערוועזע אונגעדולד איז דורכגעלאָפען מיינע ביינער. איך האָב מיר אויפגעהויבען און אָנגעהויבען ווידער ארומצוגעהן. אפשר האָב איך אויך אַ ביסעל געפּיעבערט: מיינע הענד, וועלכע איך האָב געהאַלטען אויף הינטען, ווי מען טהוט, בשעת מען געהט זיך געלאַסען שפּאַצירען, האָבען געברענט. פּלוצלונג איז איבער מיין רוקען דורכגעלאָפען אַ קאַלטער שוידער, עס האָט מיר זיך אויסגעדוכט, אַז די פייכטיגקייט איז אין מיר אַריין פון דרויסען און איך האָב בעשלאָסען, אָנצוצינדען פייער. איך האָב עס געטהון! דאָס האָט ביי מיר געטראָפען דאָס ערשטע מאָל. איך האָב מיך ווידער אַנידערגעזעצט און געקוקט אויפ׳ן פלאַם. באַלד האָב איך אָבער דערפּיהלט, אַז עס איז מיר אונמעגליך, זיצען צו בלייבען, איך האָב געמוזט אַרויסגעהן, זיך צושטרייען, אַ פריינד צו טרעפען.

איך בין אַרויס פון שטוב. איך בין געווען ביי דריי חברים, אָבער האָב זיי אין דער היים ניט געטראָפען. איך בין אַוועק צום בולוואַר מיט אַ פעסטען בעשלוס אַזוי לאַנג צו זוכען, ביז איך וועל טרעפען אַ בעקאַנטען.

אומעטום איז עפּעס געווען טרויעריג. די נאַסע טראָטו־

אַרעֶן האָבעֶן געֶגלאַנצט און די שוואַרצע פּייִלקייט פון׳ם רעֶגעֶן, יעֶלבעֶ האָט אַלעֶמעֶן דורכגעדרונגעֶן מיט אַ קאַלטעֶן שוידעֶר, האָט זיך אַרונטערגעֶלאָזעֶן אויף די גאַסעֶן און האָט עפּעֶס מיר געֶמאַכט און פערדונקעלט די גאַז-פלאַמעֶן.

איך בין געֶגאַנגעֶן פויל און האָב כסדר זיך בלויז געֶחזר׳ט: „איך וועל היינט אָבעֶנד שוין קיינעֶם ניט געֶפינעֶן, מיט וועמעֶן איך דורכצופלאַפלעֶן".

איך האָב אַ סך מאָל דורכגעֶזוכט די פערשיעדענע קאַווע-יאַרנעֶס. אומעטום האָב איך געֶזעהן, ווי עס זיצעֶן אַרום די טישעֶן עפּעֶס דערשלאָגעֶנעֶ מענשעֶן, ווי זיי וואָלטעֶן אַפילו קיין כח ניט געֶהאַט זייערע משקאות ביז צום סוף צו געֶניסעֶן.

אַזוי האָב איך אַ לאַנגע צייט אַרומגעֶבלאָנדזשעט, ערשט אַרום האַלבעֶ נאַכט האָב איך זיך אומגעֶקעֶהרט אַ היים. איך בין געֶווען גאַנץ רוהיג, דאָך אונגעֶוועֶהנליך מיד. דער דינעֶר, וועלכעֶר לעגט זיך געֶוועֶהנליך עלף אַ זייגער שלאָפעֶן, האָט מיר געֶגעֶן זיין רגילות הפך געֶעפענט די טהיר און איך האָב זיך געֶטראַכט: „דאָ איז מסתמא פאַר מיר אַן׳אַנדערער שוין אַ היים געֶקומעֶן".

בשעת איך נעֶה אַוועק, שליס איך געֶוועֶהנליך דאָפּעֶלט צו מיין טהיר. איך האָב מיך דערום געֶוואונדערט, בשעת איך האָב דערזעהן, אַז מיין טהיר איז בלויז פשוט צוגעֶמאַכט נור איך האָב געֶרעֶכעֶנט, אַז מען האָט מיר, מסתמא געֶבראַכט בריעף.

איך בין אַריין. דאָס פייער האָט נאָך געֶברעֶנט און האָט נאָך אַפילו אַ ביסעל ליכטיג געֶמאַכט דאָס צימעֶר, איך האָב געֶנומעֶן אַ ליכט און עס געֶוואָלט אָנצינדעֶן אָן קאַמין. ווי איך האָב אַ קוק געֶגעֶבעֶן אין דער זייט פון קאַמין, האָב איך בעֶמערקט, אַז איינער זיצט עפּעֶס אין מיין לעֶהנשטול און וואַרעֶמט זיך די פיס אָן קאַמין, אַזוי אַז ער איז אויסגעֶקומעֶן מיטן רוקעֶן צו מיר.

איך האָב ניט געֶהאַט קיין מורא, אָ, ניין, אַפילו קיין ברע-

קעל מורא ניט , אַזיבֿערע הַשְׁעָרָה איז דורך ווי אַ בליץ דורך מײַן געדאַנק : אײנער פֿון מײַנע פֿרײַנד האט מיך געוואָלט בעזובֿען. דער דיענער האָט איהם מסתּמא דערצעהלט, אז איך וועל באַלד צוריק קומען און איהם געגעבען זײַן שליסעל אַרײַנצוגעהן אין מײַן צימער, און איך האָב זיך דערמאָהנט אַלע אומשטענדען, וואָס איך האָב בעמערקט בײַ'ם אַרײַנגעהן.

מײַן פֿרײַנד, פֿון וועמען איך האָב בלויז געזעהן דאָס האָר, איז אָהן אַ ספק וואַרטענדיג אײַנגעשלאָפֿען פֿאַר'ן פֿײַער און איך בין צוגעגאַנגען, כּדי איהם אויפֿצוּוועקען . איך האָב איהם געזעהן גאַנץ דײַטליך, זײַן אָרעם איז אַריבער־געהאנגען איבער'ן לעהנ־שטול, און זײַנע פֿיס זענען געלעגען אײנער אויפֿ'ן אַנדערן, זײַן קאָפּ איז געלעגען עטוואָס לינקס אויף דער שטוהל־לעהן און האָט מיר בעוויזען, אַז ער שלאָפֿט, איך האָב מיך אַ פֿרעג געטהון : ווער קאָן עס זײַן ? מעהר האָט מען אין צימער גאָר נישט געזעהן. איך האָב אויסגעשטרעקט די האַנד, כּדי איהם אַ קלאַפּ צוגעבען אין פּלײצע ...

מײַן האַנד איז אַרויפֿגעפֿאַלען אויף דער האָלצערנער לעהן ! קײנער איז דאָ ניט געוועזען ! דער שטוהל איז געוועזען לײדיג ! וואָס פֿאַר אַ שרעק !

אין בין צוריקגעטראָטען ווי פֿאַר אַ גרוילי‌בֿער סכּנה.

איך האָב מיך אומגעקעהרט, ווײַל איך האָב עמיצען הינ־טער מיר געפֿיהלט ; מיר האָט ווידער אַרומגעהאַפּט אַ ווילדער פֿערלאַנג, דעם שטוהל נאָך אַמאָל צובעטראַכטען. איך בין גע־בליבען אַזוי שטעהן, קוים אָטמענדיג פֿאַר שרעק, און מיט אַזאַ בהלה אָנגעפֿילט, דאָס איך האָב מײַנע געדאַנקען נישט געקאָנט צונויפֿנעהמען, און בין שיער נישט אַנידערגעפֿאַלען אויף דער ערד.

דאָך בין איך בכלל אַ גאַנץ קאַלטבלוטיגער מענש און איך בין באַלד צוריקגעקומען צו זיך. איך האָב מיר געזאָגט : איך האָב בלויז געהאַט אַ האַלוצינאַציע און מעהר נישט !" און איך

האָב אָנגעהויבען טראַכטען וועגען דער וואונדערליכער ערשיינונג, אין אַזוינע מינוטען אַרבייטען די געדאַנקען זעהר האַסטיג.

איך האָב געהאַט אַ האַלוציגאַציע—דאָס איז קיין ספק ניט געווען. דען מיין גייסט איז די גאַנצע צייט געבליבען קלאָר און האָט לאָגיש און נאָרמאַל געאַרבייט. אין מיין מוח איז, אַלזאָ, כלל קיין שטערונג נישט פאָרגעקומען, נאָר מיינע אויגען האָבען זיך טועה געווען און מיינע געדאַנקען פערפיהרט. מיינע אויגען האָבען געזעהן אַ גייסטיגע, געהיימניספאָלע ערשיינונג, וועלכע קאָן מאַכען לייכטגלויביגע מענשען זאָלען אָנהויבען גלויבען אין ניסים, עס איז בלויז געווען אַ נערוועזער אומפאַל פון ליכט־אַפּאַראַט, מעהר נישט אפשר אַ בלוט־אָנדראַנג.

איך האָב אָנגעצונדען מיין ליכט און בשעת איך האָב זיך צום פייער צוגעבויגען, האָב איך בעמערקט, אַז איך ציטער. איך האָב מיר האַסטיג צוריק אויפגעהויבען, וויל עס איז מיר פאָרגעקומען, דאָס עמיצער האָט מיר דערלאַנגט אַ שטויס אין רוקען.

איך בין אַלזאָ נאָך ניט רוהיג געווען.

איך בין געגאַנגען אייניגע שריט; לויט גערעדט; איך האָב מיט אַ האַלבער שטימע געזונגען אַ פּאָר פערזען.

איך האָב דאַן מיין צימערטהיר דאָפּעלט צוגעשלאָסען און זיך געפיהלט אביסעל בערוהיגט. לפחות האָט דאָך איצט קיינער נישט געקאָנט אַריינקומען. איך האָב מיך ווידער אַנידערגעזעצט און לאַנג נאָכגעטראַכט איבער די זעלטענע ערשיינונג. איך האָב מיר דערנאָך געלעגט שלאָפען און אויסגעלאָשען דאָס ליכט.

אייניגע מינוטען איז אלץ געגאַנגען כשורה. איך בין זיך רוהיג געבליבען ליגען אויפ'ן רוקען. דאַן האָט זיך מיר פערוואָלט אַריינצוקוקען אין צימער און האָב מיר אומגעקעהרט אויף אַ זייט.

אין קאַמין האָבען נאָך געגליהט אַ צוויי, דריי פונקען און האָבען גראָד אַ ביסעל בעלייכטעט די פיס פונ'ם לעהנשטוהל.

מיר האָט זיך געדוכט אַז איך זעה דעם מענשען ווידער אויפ'ן לעהנשטוהל.

איך האָב שנעל אָנגעצונדען מיין ליכט. איך האָב מיך טועה געווען. איך האָב גאָר נישט געזעהן.

איך האָב מיר פונדעסטוועגען אויפגעהויבען און דעם לעהנשטוהל בעהאַלטען הינטער מיין בעט.

איך האָב דאַן ווידער אויסגעלאָשען דאָס ליכט און געפּרובט איינצושלאָפען. איך האָב כמעט נאָך קיין פינף מינוטען ניט נעהאַט געדרעמעלט, ווי איך האָב געזעהן אין חלום ווידער דאָס גאַנצע שרעקליכע בילד פון אָבענד, גענוי ווי אין דער ווירקליכקייט.

איך האָב זיך פאַר שרעק אויפגעכאַפּט פון שלאָף, אָנגעצונדען פייער, געבליבען אין בעט און מורא געהאַט ווידער איינצושלאָפען.

גענען אַלע אָנשטרענגונגען האָב איך נור צוויי מאָל אויף איינינע סעקונדען איינגעדרעמעלט. און צוויי מאָל איז דאָס בילד ווידער פאַר מיינע אויגען ערשינען. מיר האָט זיך געדוכט, אַז איך בין משוגע געוואָרען.

אין דער פריה האָב איך מיך געפיהלט אַ ביסעל לייכטער און בין רוהיג געשלאָפען ביז מיטאָג.—

עס איז אַריבערגעגאַנגען, איבגאַנצען אַריבערגעגאַנגען. איך האָב אַפילו געהאַט פיעבער, אָדער עפּעס עהנליכעס, פונדעסטוועגען האָב איך מיך געפונען גאַנץ מונטער.

דעם טאָג בין איך געווען זעהר לוסטיג. איך האָב געגעסען אין רעסטאָראַן, געגאַנגען אין טעאַטער און דערנאָך אַהיים גענאַנגען. קוים בין איך אָבער צוגעקומען נאָהענט צו מיין וואוינונג, האָט מיך אָנגעכאַפּט אַ זעלטענע אונרוה. איך האָב מורא געהאַט איהם ווידער ניט צו זעהן, איהם. ניט קיין מורא פאַר איהם גופא, ניט קיין מורא פאַר זיין געגענוואַרט, אין וועלכער איך האָב כלל נישט געגלויבט, דאָך האָב איך מורא געהאַט פאַר אַ

נײַער פֿאָר שפּיגלונג פֿון מײַנע אויגען , מורא פֿאַר אַ האַלוצינאַציע , מורא פֿאַר די מורא , וועלכער וועט מיך אַרומנעהמען .

העכער פֿון אַ שעה בין איך אַרומגעגאַנגען הין און צוריק אויפֿ'ן טראָטואַר ; דערנאָך האָב איך עס געפֿונען פֿאַר צו נאַריש פֿון מיר און בין אַרײַן אין שטוב . איך האָב אַזוי האַסטיג געטאָפּטעט , דאָס איך האָב קוים געקאָנט אַרויף אויף דער טרעפּ און אַ צעהן מינוטען בין איך נאָך געבליבען שטעהן אין קאָרידאָר פֿאַר מײַן טהיר . פּלוצלונג האָב איך צוזאַמענגענומען מײַן גאַנצען מוט און ווילען און אַרײַנגעשטעקט דעם שליסעל אין שלאָס . דאַן בין איך מיט אַ ליכט אין האַנד אינוועניג אַרײַן , מיט'ן פֿוס אויפֿ'געעפֿנט די טהיר פֿון מײַן צימער און אַ שרעקעדיגען בליק געוואָרפֿען אויפֿ'ן קאַמין . איך האָב גאָר נישט געזעהן !

אַך ! .. וואָס פֿאַר אַן ערלײַכטערונג ! וואָס פֿאַר אַ שמחה ! וואָס פֿאַר אַ בעפֿרײַאונג ! גאַנץ מונטער בין איך זיך אַרומגעגאַנגען הין און צוריק . פֿונדעסטוועגען האָב איך זיך נאָך ניט געפֿיהלט אינגאַנצען בערוהיגט . איך האָב מיר אָפֿט האַסטיג אומגעקעהרט . די פֿינסטערניש אין די ווינקלען האָט אויף מיר אַ פּחד אַרויפֿ= געוואָרפֿען .

איך בין די נאַכט זעהר שלעכט געשלאָפֿען , נאָר אײַנגע= בילדעטע געררוישען האָבען מיך ניט געוועקט . איהם האָב איך אָבער נישט געזעהן . ניין . דאָס איז פֿערשוואונדען !

פֿון דעם טאָג אָן האָב איך מורא , בשעת איך בין אַליין בײַ נאַכט .

איך פֿיהל איהם נאָהענט בײַ מיר , אַרום מיר . איך האָב איהם שוין מעהר נישט געזעהן . ניין ! און וואָס האָט עס געקאָנט העלפֿען , וואָס איך ווייס , אַז דאָס איז ג אָ ר נ י ש ט , אַז איך גלויב נישט אין איהם ?

און זײַן בילד מאַטערט מיך דאָך , ווײַל איך מוז אָהן אַנ' אויפֿהער אָן דעם טראַכטען . אײַן האַנד איז געהאַנגען רעכטס איבער דער שטוהל=לעהן , זײַן קאָפּ איז געווען גענייגט לינקס .

ווי פון אַ שלאָפּענדעַן .. דאָך געַנוג ! איך וויל ניט, איך וויל אָן דעַם מעַהר נישט טראַכטעַן !

וואָס טויג מיר מיין פעַסטקייט ? וואָס טויג מיר די עקשנות ? זיינעַ פיס האָבעַן זיך געַפונעַן האַרט אָן קאַמין !

עַר רודפ'ט מיך אָהן אַנ'אויפהעַר • דאָס איז אַ משוגעת ! דאָך איז עַס אַזוי. וועַר, ער ? איך וויים גאַנץ גוט, דאָס ער עַקזיסטירט ניט, דאָס ער איז כלל ניטאָ. עַר לעַבט בלויז אין מיין אַהנונג, אין מיין מוראָ, אין מיין פחד ! געַנוג אַלזאָ, שוין איבעַר געַנוג.

יאָ, וויפיעל שכל'דיגעַ ראיות איך זאָל נישט ברעַנגעַן, כדי מיין מוט אונ ווילעַן צוזאַמעַנצונעַהמעַן, אַליין קאָן איך אין דעַר היים נישט זיין, ווייל ער איז דאָרט פאַרהאַן. איך ועַל איהם שוין מעַהר נישט זעַהן, עַר וועַט זיך מיר שוין מעַהר ניט בעַווייזעַן, דאָס וויים איך. אונ דאָך איז עַר שטעַנדיג פאַרהאַן אין מיינעַ געַדאַנקעַן. עַר איז אונזיכטבאַר, נאָר דאָס שטעַרט ניט עַר זאָל זיין. עַר איז הינטעַר די טהירעַן, אין צוגעַשלאָסעַנעַם שאַפ, אונטעַר'ן בעַט, אין אַלעַ דונקעַלעַ ווינקלעַן, אין אַלעַ שאָטעַנס-ערטעַר. בשעת איך עַפעַן די טהיר, שליס אויף דעַם שאַפ, גיעב אַ קוק אונטעַר'ן בעַט, מאַך ליכטיג אין די ווינקלעַן, איז עַר מעַהר ניטאָ ; דעַמאָלט פיהל איך איהם הינטעַר מיר, איך קעַהר מיך אום ; איך איבעַרצייג מיר, אַז איך וועַל איהם מעַהר נישט זעַהן. שוין מעַהר קיין מאָל נישט זעַהן • עַר איז פונדעַסטוועַגעַן הינטעַר מיר.

עַס איז נאַריש, אָבעַר גרוילעַך !

וואָס ווילסטו ? איך קאָן גאָר נישט טהון דעַרצו.

ווען מיר וועַלעַן אָבעַר זיין אין צווייעַן, פיהל איך דייטליך, יאָ גאַנץ דייטליך, אַז דעַמאָלט וועַט עַר מעַהר נישט זיין. דעַן עַר איז בלויז דאָ, ווייל איך בין אַליין, בלויז ווייל איך בין אַליין !

